# אידישע פאָלקס ווערטלאַך



פאר די אנטיילנעמער אין

## קאָנטעסט פון „צייט"

פרייז 25 סענט

„די צייט"
153 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק

# אידישע פאָלקס ווערטלאַך

ארויסגעגעבן פאר די אנטיילנעמער אין

## קאָנטעסט פון „צייט"

יוני, 1921

פרייז 25 סענט

„די צייט", 153 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק

# באַנוצט אייך מיט אייער גלייכען שכל

אז עס איז שטענדיג פאַר אַ מענשען בעסער און גלייכער זיך צו באַ־נוצען מיט דעם שכל הישר און ניט צו זוכען שוויצלעך און איבער־סברות, באַווייזט פאָלגענדע מעשה׳לע:

דער רבי ר׳ יהונתן אייבשיץ, רב אין האַמבורג, איז אַ חוץ זיין גרויסע גאונות, אויך געווען באַוואוסט אַלס באַרימטער וועלט־חכם און ער פלעגט זעהר אָפט ביי זיינע תלמידים פרעגען אַזעלכע פראַגען, איבער וועלכע זיי האָבען זיך געדאַרפט ברעכען די קאָפּ.

איין מאָל האָט ר׳ יהונתן געפרעגט זיינע תלמידים אַזאַ פראַגע:

— מיט וואָס קעהרט מען אוים אַ סוכה?

די תלמידים האָבען זיך אָנגעהויבען צו שאַרפען די מוחות און געבען פאַרשיידענע שפּיציגע ענטפערס יעדער איז געווען זיכער, אַז אין׳ם זיין׳ם פראַגע ליגט באַהאַלטען אַ טיעפער מיין.

— רבי! — האָט זיך אָנגערופען איינער פון די אינגסטע תלמידים, וועלכער איז געזעסען ביים עק טיש—אַ סוכה קעהרט מען אוים מיט... מיט בעזים...

— אָט ער האָט אַ גלייכען שכל, — האָט ר׳ יהונתן געזאָגט מיט אַ שמייכעל, — איהר דאַרפט ניט מיינען, דאָס אין אַלעמען ליגען באַהאַלטען טיעפע און פאַרבאָרגענע בונות. אויב איהר וועט אייך שטענדיג באַנוצען מיט אייער שכל הישר, וועט איהר קיין מאָל ניט פאַרקריכען אין בויבעריק און אַלע מאָל און גיכער קומען צו אייער ציעל.

אַקענען וואָס דערצעהלען מיר עס אייך?

אַקענען אונזער קאָנטעסט „ווער־וואָס־ווען״.

לייכט און איינפאַך, מיט׳ן גראַדען שכל, וועט איהר אַלע מאָל קענען טרעפען די בילדער און רעטענישען.

# אידישע פאָלקס-ווערטלאַך

1. אַז מען בריהט זיך אויף הייסען, בלאָזט מען אויף קאלטען.
2. ער היט דאָס אָפּ, ווי אַן אויג אין קאָפּ.
3. ער האָט איהם אָפּגעטאָן אויף טערקיש.
4. אָפּלעגען איז נאָר גוט קעז.
5. ער איז אוועקגעגאַנגען, ווי די מויד פונ׳ם טאַנץ.
6. דאָס וואָס מען רייסט ניט אָפּ מיט גוואַלד, האָט מען ניט.
7. אָפּגערעכענט איז האַלב באַצאָהלט.
8. אָדם אַ מענש — קאַטשקע דרעה זיך.
9. אדם קרוב כאַפּ-לאָפּ-צאַפּ.
10. אַז מען איילט זיך, האָט מען אַ מיידעל.
11. אַן אָקס האָט אַ לאַנגע צונג און קען קיין שופר ניט בלאָזען.
12. אַ חסרון, די כלה איז צו שעהן.
13. מיט איין אויג זעהט ביי דיר דער בלינדער מעהר, ווי דו מיט צוויי אויגען.
14. ער געהט אוים ווי אַ ליכט.
15. אויסגעוואַנדערט אַלע לענדער, און אַהיימגעקומען אָהן הויזען און אָהן העמדער.
16. אַז מען וויינט זיך אוים, ווערט גרינגער אויפ׳ן האַרצען.
17. ער זעהט אוים ווי אַן אָפּגעשלאָגענע הושענא.
18. ער זעהט אוים ווי אַן אויסגעווייקטער הערינג.
19. מיט דער צייט לערנט מען אַ בער אויך אוים טאַנצען.
20. ביים אויסקעהרען די שטוב געפינט מען אַלעס.
21. די אויערען מוזען הערען וואָס דאָס מויל רעדט.
22. די ווענט האָבען אויך אויערען.
23. ער איז היינט מיט דעם לינקען פוס פונ׳ם בעט אויפגעשטאַנען.

24. ער האט אוועקגעלייגט שער און אייזען.
25. אז דאס אומגליק דארף איינעם טרעפען, טרעפט עס איהם אויפ'ן גלייכען וועג.
26. קוק דיך ניט אום, ווארים דו וועסט ווערען א שטיק זאלץ.
27. אין אורח מכנים אורח.
28. וואו עס איז איבריג, דארט פעהלט.
29. אן אפגעשיילט איי קומט ניט גלייך אין מויל אריין.
30. די אייער ווילען זיין קליגער ווי די הינער.
31. אוים די אויגען — אוים דעם הארצען.
32. ער לאכט מיט גרינע ווערעם.
33. ער גערט מיט איהם ווי מיט א ווייך איי.
34. מען לעקט דערפון די פינגער.
35. פון איילעניש קומט קיין גוטס ניט ארויס.
36. ער שפילט אן אפענעם איין און דרייסיג.
37. מאך עס דיר איין און זויערען.
38. ער האט איהם איינגעזייפט.
39. וואס אלטע קייען, טוען יונגע שפייען.
40. וואס עלטער, אלץ קעלטער.
41. אן אלטער ברעכט און א יונגער בויט, איז נאך ניט גלייך.
42. ער האט אנגעכאפט גאט ביי די פיס.
43. אן אקס געהט קיין אלמיץ, און קומט פארט צוריק אן אקס.
44. מען מוז אויסהערען ביידע צדדים.
45. דער אקס וויים ניט פון זיין גבורה.
46. אראפ פון מארק.
47. ארבייט איז קיין שאנד.
48. ער האט איהם ארויסגעווארפען אויף צוויי שפענדלעך.
49. פון איטליכען הויז טראגט מען עפעס ארוים.
50. ער לויפט ארום ווי א פאר'סמ'טע מויז.

51. וואָס מען כאַפּט אַריין, איז פאַרפאַלען.
52. אָרעם איז קיין שאַנד, אָבער אויך קיין גרויסער כבוד.
53. אז אַן אָרעמאַן דערזועהט אַ גראָשען, שפּרינגט ער פון דער הויט אַרויס.
54. אַלע אָרעמע לייט האָבען גוטע הערצער.
55. אַן אָרעמאַן איז ווי אַ לעכערדיגער זאַק.
56. אַ באַרג מיט אַ באַרג קומט זיך ניט צונויף, אָבער אַ מענש מיט אַ מענש — יאָ.
57. אויף אַ פרעמדער באָרד איז זיך גוט צו לערנען שערען.
58. אַ בהמה בלייבט אַ בהמה.
59. אַ בוים בויגט זיך נאָר, ווען ער איז יונג.
60. אויף אַ יונגען בוים שפּרינגען אַלע ציגען.
61. אַ בחור ווי אַ בוים, אַ מויד ווי אַ ציממעס.
62. אז מען קען ניט בייסען, זאָל מען די צייהן ניט ווייזען.
63. בינד מיך אויף אַלע פיער און וואַרף מיך צווישען די מייניגע.
64. אַ ביסעל און אַ ביסעל, ווערט אַ פולע שיסעל.
65. אַ פרעמדער ביסען שמעקט זיס.
66. דער בעסטער ביסען קומט אַן דעם ערגסטען קינד
67. וואָס קומט אַרויס פון דעם גוטען ביער אין שלעכטען פאַס?
68. פון אַ בית־עולם טראָגט מען ניט צוריק.
69. איטליכער בעל־דרשן דרש'ענט פון זיינטוועגען.
70. אַ שטוב אָהן אַ בעל־הבית'טע, איז ווי אַ וואָגען אָהן רעדער.
71. אַ בעל מלאכה שטאַרבט ניט פאַר הונגער.
72. בעסער דאָס ביטערע בלאָט פון גאָט, איידער דאָס זיסע פון מענשען.
73. בעסער איין גוטער פריינד, איידער צעהן פיינד.
74. בעסער דעם בעקער, ווי דעם דאָקטאָר.

75. בעסער פיער אין פריידען, איידער צוויי אין ליידען.
76. פאר ברויט גיט מען אפ שטיינער.
77. צו ברויט געפינט מען שוין א מעסער.
78. די אייער זיינען מאקע קליגער ווי די הינער, נאר זיי ווערען באלד פארשטונקען.
79. אין א ברונעם, וואס מען האט פון איהם וואסער גע־טרונקען, זאל מען קיין שטיין ניט אריינוואַרפען.
80. אז גאט גיט מיט'ן לעפעל, גיבען מענשען מיט'ן שעפעל.
81. מען מעג עס מיט א קויל אין אויוזען אריינשרייבען.
82. אז גאט וויל שיסט א בעזים.
83. גאט באשערט דעם טרינקער זיין ווײן און דעם שפינער זיין פלאקס.
84. מיט איין האנט שטראפט גאט, און מיט דער אנדערער בענשט ער.
85. א גאסט אויף א ווייל, זעהט אויף א מייל.
86. דריי טאג איז מען א גאסט — שפעטער ווערט מען א לאסט.
87. א משכון זאל מען פארזעצען און אן עושר זאל מען זיין.
88. ביים גלעזעל געפינט מען א סך פריינד.
89. אויפ'ן גנב ברענט דאס היטעל.
90. אז מען דארף האבען דעם גנב, שניידט מען איהם אפ פון דער תליה.
91. ניט די מויז איז דער גנב, נאר דאס לאך איז דער גנב.
92. אז מען גיט ניט יעקב'ען, גיט מען עשו'ען.
93. עס איז ניטא מיט ועמען צום טיש צו געהן.
94. איינער האט דעם בייטעל, דער אנדערער דאס געלט.
95. געלט געהט צו געלט.
96. ריבא, פיש — געלט אויפ'ן טיש.
97. זוער עס גראבט א גרוב פאר אנדערען, דער פאלט אליין אריין.
98. גרויע האר זיינען קברות־בלעטלעך.

99. מיט פרעמדע הענט איז גוט פייער צו שאַרען.
100. אז מען האַקט האָלץ, פליהען שפענער.
101. נעבען אַ שווערען וואָגען איז גוט צופוס צו געהן.
102. אז מען קלאַפט אָן, עפענט מען.
103. אז דאָס האַרץ איז פול, געהען די אויגען איבער.
104. מען מוז זיך אַמאָל מאַכען דאָס האַרץ פון שטיין.
105. לאָזט אַ הונט אויף דער באַנק, שפרינגט ער אויפ׳ן טיש.
106. ער געהט פון זיין מאַמע׳ס סדור׳ל ניט אַרויס.
107. עס קלעפּט ווי אַרבעס אָן דער וואַנט.
108. אז דער וואָגען פאַלט, זיינען די רעדער צו שווער.
109. אַ בייטעל אָהן געלט איז נאָר אַ שטיק לעדער.
110. ער זוכט אַ נאָדעל אין אַ וואָגען היי.
111. ער זיצט אין געהאַקטע וואונדען.
112. ווענט האָבען אויערען, גאַסען האָבען אויגען.
113. גיס ניט אַרויס דאָס אומריינע וואַסער, כל זמן דו האָסט ניט דאָס ריינע.
114. איינעם וואַרפט מען אריין, דעם אַנדערען וואַרפט מען אַרויס.
115. ער ציהט איהם ביי דער צונג.
116. מען זוכט עס מיט ליכט.
117. ער זוכט אַ שפּילקע אין אַ וואָגען היי.
118. אז מען כאַפּט, בריהט מען זיך אָפּ.
119. עס ווענדט זיך, ווי דער חמור שטעהט איין.
120. אַ שטעקען האָט צוויי עקען.
121. חסרונות זעהט מען נאָר ביי יענעם.
122. אז מען לעבט אָהן חשבון, שטאַרבט מען אָהן וידוי.
123. אַ ריינער חשבון איז אַ האַלבער סילוק.
124. חתן—כלה האָבען גלעזערנע אויגען.
125. מען זאָל ניט געפּרואווט ווערען צו וואָס מען קען געוואוינט ווערען.

126. איידער דער טאַטע איז געבוירען געוואָרען, שטעהט שוין דער זוהן אויפ׳ן דאַך.
127. די טאָכטער שטראָפט מען, די שנור מיינט מען.
128. א טאַנץ פאַרגעהט ניט פאר קיין עסען.
129. פאַר וואָס טאַנצט דער בער? — ווייל ער האָט קיין ווייב ניט.
130. איטליכעס טעפעל געפינט זיך זיין שטערצעל.
131. מיט דעם וואָס דער טאָפּ איז אָנגעברענט, דערמיט שטינקט ער.
132. קיינער טוט ניט יענעם, נאָר זיך אליין.
133. עס טוט זיך אויף טיש און אויף בענק.
134. אַריין איז די טיר ברייט, אָבער ארוים איז זי שמאָל.
135. פון וואָס מען רעדט, קומט מען אלץ ארויף אויפ׳ן טויט.
136. א טויטען טראָגט מען ניט צוריק.
137. אין א גרויסען טייך כאפט מען גרויסע פיש.
138. ווער עס טראָגט צו מיר, טראָגט אויך פון מיר.
139. אָדער טרעף, אָדער פּעהל.
140. א גוטער איד דאַרף קיין בריעף, א שלעכטען אידען העלפט קיין בריעף.
141. ער טרעפט גלייך אין מויל אַריין.
142. איטליכער איד האָט זיך זיין פעקעל.
143. ווען זינגט א איד? — ווען ער איז הונגעריג.
144. א אידיש עשירות איז א מאַרצאָווע שניי.
145. מיט א׳ אידען איז גוט קוגעל צו עסען — נאָר ניט פון איין טעלער.
146. די אייגענע יענטע, נאָר אנדערש געשלייערט.
147. דער שעהנסטער כבוד איז, אז מען זיצט אין דער היים.
148. כח געפינט מען נאָר אין דער שיסעל.
149. כעס איז עבודה זרה.

150. א כשר׳ער טאָפּ און א כשר׳ע לעפעל.
151. טאַטע, דו לאַכסט? אז אָך און וועה איז צו דיין גע־לעכטער.
152. עס לאַכט זיך אליין, עס וויינט זיך אליין.
153. עס איז ווערט אַן אויסגעבלאָזען איי.
154. אַט אַזוי קאָכט מען די לאָקשען.
144. וואָס ביי אַ ניכטערען אויף דער לונג, איז ביי אַ שכור׳ען אויף דער צונג.
156. איך האָב דיך ליעב, ווי אַ פּאַרפוילטע ריב.
157. איך האָב דיך ליעב פון דער ווייטענס.
158. אַ ליגנער מוז האָבען אַ גוטען זכרון.
159. ער איז אַן אויסגערייכערטע ליולקע.
160. ער האָט איהם געוויזען אַ לעקעכעל.
161. אַ גאָלדענער שליסעל עפענט אַלע טירען.
162. איך מאַן, דו ווייב — איך שלאָג, דו שווייג.
163. אַ מאַן ווי אַ מויז און אַ ווייב ווי אַ הויז, איז נאָך ניט גלייך.
164. בעסער אַז דער מאַן שמעקט מיט ווינט, ווי מיט רויך.
165. איך בין דיר מוחל דיין האָניג און וויל ניט דיין בים.
166. אַז מען קען ניט בייסען, זאָל מען די צייהן ניט ווייזען.
167. ער האָט מורא די האַנט אין קאַלטען וואַסער אריינ־צוטאָן.
168. אַז מען האָט די מטבע, האָט מען די דעה.
169. מיין און דיין און אונזערע.
170. עס איז ניט אויף דיין מנסט געוואַקסען.
171. אַז מען רופט דעם מלאך, קומט דער גלח.
172. אַ מלאכה איז אַ מלוכה.
173. אַ מענש איז אַמאָל שטאַרקער פון אייזען, און אַמאָל שוואַכער פון אַ פליג.
174. אַז מען בלאָזט, ווערט קאַלט.

175. וואס דער מענש טוט זיך אליין, וואלטען איהם קיין צעהן שונאים ניט געטאן.
176. מען קען קיין מענש ניט דערקענען, ביז מען האנדעלט ניט מיט איהם.
177. ניט אלעס איז גאלד וואס עס גלאנצט.
178. צוויי מתים געהען טאנצען.
179. אז מען קוקט ניט צו מיט די אויגען, דערלעגט מען מיט דער קעשענע
180. די מעשה האט שוין א בארד.
181. מען לויפט ווי נאך מצה־וואסער.
182. אז צוויי מתים געהען טאנצען, ווער ווארפט אין צימבעל אריין?
183. מען קען ביים ברעג אויך דערטרונקען ווערען.
184. אז א נאר ווארפט א שטיין אין ברונעם אריין, קענען איהם קיין צעהן קלוגע ניט ארויסנעמען.
185. אז מען שיקט א נאר אויפ'ן מארק, פרעהען זיך די קרעמער.
186. איין נאר מאכט א סך נאראנים.
187. מען מעג עסען, אבער ניט פרעסען.
188. דאס עפעלע פאלט ניט ווייט פונ'ם בוים.
189. אדער דער פריץ וועט פגר'ען, אדער דער הונט וועט פגר'ען.
190. ווער עס קען קיין פולווער ניט שמעקען, דער זאל ניט געהן אין דער מלחמה אריין.
191. השמר לך פען!
192. ער איז געשלאגען אויף דער פען.
193. עס איז דארט דא פון פויגעל־מילך.
194. דעם פויגעל דערקענט מען נאך די פעדערען.
195. אז מען איז פויל, האט מען ניט אין מויל.
196. המבדיל בין קודש לחול, ווער עס האט געלט, דעם איז וואויל.

197. אז מען גנב'עט ארויס דאס פערד, שליסט מען צו די שטאל.

198. פון א גוט פערד איז כאטש כדאי אראפצופאלען.

199. ווי מען שמירט, אזוי פאהרט מען.

200. וואו צוויי איז ער דער דריטער.

201. ער קען צונויפפיהרען צוויי ווענט.

202. ער שטעלט איהם צו א בענקעלע.

203. אז די קאץ וואשט זיך, וועלען זיין געסט.

204. א קאץ קען אויך קאליע מאכען.

205. צוויי קעץ אין איין זאק קענען קיין שלום ניט האבען.

206. אז מען האט ארויסגע'גנב'עט די קוה, מאכט מען דער־נאך צו די שטאהל.

207. הערען, זעהן און שווייגען.

208. אז מען קלאפט אויפ'ן טיש, רופט זיך אן די שער.

209. אז מען קלייבט צופיעל, פאלט מען אין א בלאטע אריין.

210. אז גלאז צוברעכט זיך, איז א סימן אויף גוטען.

211. אז דער קצב געהט אוועק, שפרינגט דער הונט אויפ'ן קלאץ.

212. א קראנקען פרעגט מען, א געזונטען גיט מען.

213. ארעמע קרובים זעצט מען הינטער'ן אויווען.

214. דאס קריגעל געהט אזוי לאנג צום וואסער, ביז דאס אויער רייסט זיך אפ.

215. אזוי לאנג ווי דאס רעדעל דרעהט זיך, דרעהט עס זיך.

217. פרעג ניט דעם רופא, נאר דעם חולה.

218. ער רייסט זיך אויף די גלייכע ווענט.

219. ער רעדט פאר פייער און פאר וואסער.

220. פתח שין — שא!

221. אז מען שערט די שאף, ציטערען די לעמער.

222. אן אלטער שארבען איבערלעבט א נייעם טאפ.

223. איין שוואַלב קען קיין זומער ניט מאַכען.
224. קיינער ווייסט ניט ווענען דער שוך קוועטשט.
225. אַלע שוסטערס געהען באָרוועס.
226. אין צווייען איז שטאַרקער.
227. אז דער שטיין ליגט אויף איין אָרט ווערט ער אויך באוואַקסען מיט גראַז.
228. שטעה ניט אונטער׳ן וואַנט, ווערסטו ניט הערען דיין אייגענע שאַנד.
229. אז מען וואַרפט אַ שטעקען אין דער וואַנט, בלייבט ער שטעקען.
230. אַ ברונעם שעפּט זיך אויך אוים.
231. וואו מען וואַרפט אַ שטעקען, געפינט מען אַ הונט.
232. שלאָג דיר קאָפּ אָן וואַנט.
233. אַ שלאָס איז נאָר געמאַכט געוואָרען פאַר אַן עהרליכען מאַן.
234. פיער אויגען זעהען מעהר ווי צוויי.
235. דאָס שמאַלץ רינט אוים און דער גרוב בלייבט.
236. אז מען שמירט, פאָהרט מען.
237. דער גוי איז טריף, זיין גראָשען איז כשר.
238. אַ שנור מיט אַן אידים זיינען אַ פּאָר שדים.
239. אַלע שעה אַן עס־לעפעל.
240. איטליכער שענקער לויבט זיין ביער.
241. ער שרייבט קאַטשערעס און לאַפּעטעס.
242. די תורה האָט זיך אין איהם געצונדען.
243. ווער עס פרעגט, דער בלאָנדזשעט ניט.
244. אז מען צ׳יהט צו שטאַרק די סטרונע, מוז זי פּלאַצען.
145. אזוי ווי מען שפּילט, אזוי טאַנצט מען.
246. עס איז ניטאַ אַ רויז אָהן דערנער.
247. ווי מען בעט זיך אזוי שלאָפט מען.
248. אז מען קען ניט אַריבער, מוז מען ארונטער.
249. ווער עס האָט קינדער אין די וויגען, מוז לאָזען לייטען צופרידען.

250. פון על־חטא ווערט מען ניט פעט.
251. נאך א שרפה ווערט מען רייך.
252. ווען עס פאלט, פאלט עס מיט דער פוטער אראפ.
253. אויף א מויל איז קיין שלאס ניטא.
254. פאר א געשלאגענעם הונט טאר מען קיין שטעקען ניט ווייזען.
255. ווען פרעהט זיך דער הויקער?—ווען ער זעהט א גרע־סערען פון זיך.
256. מיט איין שוועבעלע קען מען פארברענען א גאנצע שטאדט.
257. א נאר ווייזט מען ניט א האלבע ארבייט.
258. איין אויג וויל אויך שלאפען.
259. דער זאטער גלויבט ניט דעם הונגעריגען.
260. פון טויט קען מען זיך ניט אויסקויפען.
261. ער האט אויסגעביטען א שוך אויף א לאפטשע.
262. ווי קומט די קאץ איבער׳ן וואסער?
263. ער האט איהם אנגעהאנגען א לונג־און־לעבער אויפ׳ן נאז.
264. לייג ניט א געזונטען קאפ אין א קראנקען בעט.
265. מען קען ניט כאפען די פיש פאר די נעץ.
266. א גוטען העלפט א ווארט, א שלעכטען העלפט אפילו קיין שטעקען אויך ניט.
267. אז עס איז באשערט איינעם דערטרונקען צו ווערען, ווערט ער דערטרונקען אין א לעפעל וואסער.
268. א געשאנקענעם פערד קוקט מען ניט אין די ציין.
269. דאס איז א הארטער נוס צום קנאקען.
270. זאל ער בילען ווי א הונט.
271. ווארף איהם א קאץ אין די אויגען.
272. געשטארבען, באגראבען און אראפ פון מארק.
273. אז מען קלינגט איז א חגא.
274. ער קאכט ווי א קעסעל.

275. די פעדער איז שטארקער ווי דער שווערד.
276. שטעק איהם נישט קיין פינגער אין מויל אריין, ווארים ער וועט איהם אפבייסען.
277. ער רעדט זיך איין פויגעלעך אין בוזים.
278. ער לייגט די צייהנער אויף די פאליצע.
279. אמאל דארף מען אן אויג צו מאכען.
280. ליידיגע הענט מאכען קאליע די וועגט.
281. אז דאס ווייב גיהט אין ספאדעק, גיהט דער מאן אין פאנטאפעל.
282. בעסער א לעבעדיגער הונט ווי א טויטער לייב.
283. איין פאטער קען אויסהאלטען צעהן קינדער, אבער צעהן קינדער קענען איין פאטער נישט אויסהאלטען.
284. פון א חזיר א האר אויסרייסען איז אויך גוט.
285. ער האט צוזאמענגעשלעפט א בארג מיט א בארג.
286. חתן, מאך דיר א הארץ.
287. אז מען וויל אפטאן דעם בעל־העגלה א שפיצעל, גיהט מען ביים וואגען צופוס.
288. ער האקט ווי אין קרויט אריין.
289. די אויגען זיינען גרעסער ווי דאס מויל.
290. ער איז אהיימגעקומען מיט׳ן בייטשעל.
291. אז מען אנטלויפט פאר פייער, באגעגענט מען דאס וואסער.
292. ביי א פעטען טאפ איז זיך גוט צו רייבען.
293. ער איז הייס געבאדען.
294. אז מען האט נישט קיין ברויט, איז ערגער ווי דער טויט.
295. בייטאג צום גאט—ביינאכט צום בעט.
296. ביים גלעזעל געפינט מען א סך פריינד.
297. אהן געלט איז קיין וועלט.
298. געלט איז קיילעכיג, אמאל דא און אמאל דארט.
299. וואס די ערד דעקט צו, מוז פארגעסען ווערען.
300. א געפאלענעם טרעט מען נישט מיט די פיס.

# כללים פון קאָנטעסט

1. דער קאָנטעסט פאַנגט זיך אָן פרייטאָג, דעם 1טען יולי, 1921.

2. דער קאָנטעסט וועט אָנהאַלטען 92 טעג, ס'הייסט ער וועט זיך ענדיגען פרייטאָג דעם 30טען סעפּטעמבער.

3. יעדען טאָג, אָנפאַנגענדיג מיט'ן ערשטען יולי, וועלען מיר דרוקען א בילד וואָס וועט פאָרשטעלען דעם גע־דאַנק, די אידעע, דעם אַבזיכט פון א באַקאַנטען אידישען גלייכווערטעל.

4. אלעס וואָס איהר וועט דאַרפען טאָן איז — צו געפינען דאָס פּאַסיגסטע און בעסטע אידיש פאָלקס־ווערטעל וואָס ענטהאַלט און ענטשפּרעכט דעם געדאַנק פון דער בילד. קורצער: גע־פינט א ווערטעל, וואָס וועט זיך פּאַסען צום בילד.

5. עס וועט נאַטירליך פּאַסירען, אַז פאַר איין בילד זאָלען זיך מעהר אָדער ווייניגער פּאַסען מעהר ווי איין פאָלקס־ווערטעל. אמאָל מאַכט זיך, אַז צוויי אָדער מעהר פאָלקס־ווערטלאַך וואָלטען זיך פּאַסען צום זעלבען בילד. דאַריבער וועט יעדער איינער מעגען געבען צוויי ענטפערס פאַר יעדער בילד, אויב ער וויל, און אויב נאָר איי־נער פון די ענטפערס איז ריכטיג צו־געפּאַסט, וועט דאָס זיין צום קרעדיט פונ'ם אַנטיילנעמער. אָדער, אויב ביידע ענטפערס, לויט דער מיינונג פון די ריכ־טער, וועלען זיין, יעדערער פון זיי, פּונקט אַזוי ריכטיג צוגעפּאַסט — ווע־לען זיי ביידע גערעכענט ווערען צום קרעדיט פונ'ם אַנטיילנעמער.

6. ווען די 92 בילדער וועלען אָפּ־געדרוקט ווערען, יעדען טאָג א בילד, ס'הייסט אַם ענד פון די 92טעג, וועט דער קאָנטעסט זיין געשלאָסען. ביז דאַמאָלס זאָלט איהר צו אונז די ענט־פערס ניט אריינשיקען. האַלט ביי זיך די בילדער מיט די ענטפערס ביז'ן לעצ־טען טאָג. ביים ענדע פונ'ם קאָנטעסט וועט איהר אריינשיקען אלע 92 בילדער מיט אלע ענטפערס צוזאַמען.

7. ווען דער קאָנטעסט וועט זיין פאַראיבער, וועט א קאָמיטע פון 3 דזשאַדזשעס איבערקוקען די בילדער און ענטפערס, זיי אלע פאַרגלייכען, און ענטשיידען, וועלכע פון די אריינגעשיק־טע ענטפערס זיינען די פּאַסיגסטע פאַר די געדרוקטע בילדער. די דזשאַדזשעס וועלען זיין וויכטיגע פּערזענליכקייטען אין וועמענס אויפריכטיגקייט קיינער וועט ניט צווייפלען. זיי וועלען פאַר־אויס די בעסטע ענטפערס ניט וויסען. זיי וועלען פאַרגלייכען די אריינגעשיקטע ענטפערס און פון זיי אויסקלייבען די בעסטע און פּאַסיגסטע.

8. דער וואָס וועט קריגען די גרעס־טע צאָהל בעסטע און פּאַסינג־סטע ענטפערס, דער וועט קרי־גען דעם ערשטען פּרייז; דער וואָס וועט אריינשיקען די נעקסטע צאָהל בעסטע און פּאַסיגסטע ענטפערס, דער וועט קריגען דעם נעקסטען פּרייז א. אַז. וו. ביז מיר וועלען ארויסגעבען 500 פּרייזען.

9. אין פאַל צוויי אָדער מעהר אַנ־טיילנעמער וועלען אריינשיקען די זעל־בע צאָהל בעסטע און פּאַסיגסטע ענט־פערס, דאַן וועט דער גרעסערער פּרייז געגעבען ווערען צו דעם, וואָס וועט אריינשיקען א קלענערע צאָהל ענטפערס (ווייל יעדער האָט דאָך דאָס רעכט אריינצושיקען צוויי ענט־פערס). אין פאַל צוויי אָדער מעהר אַנ־טיילנעמער וועלען האָבען די זעל־בע צאָהל בעסטע און פּאַסיגסטע ענט־פערס, און וועלען אויך האָבען אריינגע־שיקט די זעלבע צאָהל ענט־פערס — דאַן וועלען דיזע אלע קרי־גען א פּרייז) אַקוראַט דערזעלבער אי'ן יעדען הינזיכט, ווי דער פאַר וועלכען זיי זיינען „פאַרגלייכט". ס'הייסט, דעם גאַנצען פּרייז.